י. פאַפּיערניקאָוו

# איבער חורבות



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תשכ"ז — 1967



אין יאָר 1944 און אין יאָר 1945 האָב איך אין תל־אביב אַרויסגעגעבן צוויי, מער ווי באַשיידענע לידער־זאַמלונגען: „אונטער שוואַרצע הימלען" און „מיין ברענענדיקער שטאָם" — לידער וועגן דער צווייטער וועלט־קריג, און דער עיקר: וועגן דעם אונטערגאַנג פונעם פוילישן יידנטום — אונטער דער אָקופּאַציע פון די דייטשן. די זעלבע צוויי לידער־ציקלען זענען אין יאָר 1947 געדרוקט־געוואָרן אויך אין מיין גרעסערן בוך „געקליבענע לי־דער", וואָס דער איקוף־פאַרלאַג אין ניו־יאָרק האָט אַרויסגעגעבן.

נאָך איבער צוואַנציק יאָר פון זייער דערשיינען דאָס ערשטע מאָל — האָב איך געפונען פאַר נויטיק זיי נאָכאַמאָל אַרויסצוגעבן אין איין בוך און אונטער אַ נייעם נאָמען — כדי צו געבן זיי אַ נייעם תיקון; אַ נייעם אויסקלייב און צוזאַמענשטעל און אַ נייעם, בעסערן לבוש.

ווי מיט אַ סך באַנייטע ביכער, קומען אויך אין מיין איצטיקן בוך אַריין אַ סך נייע לידער וואָס זענען אין די פריערדיקע זאַמלונגען נישט געווען; לידער אויף דער זעלבער טעמע פון אונדזער גרויסן פאָלקס־חורבן — געשריבענע אין צווישן־צייט ביזן יאָר 1967.

היות די אָנגעווייטיקטע טעמע י י ד י ש איז אומצעטיילבאַר פאַרבונדן מיט דער טראַגעדיע פונעם פוילישן, דינאַמישסטן יידנטום, וואָס האָט געלעבט, געשאַפן און אומגעקומען מיט יידיש — האָב איך אין דער נייער אויסגאַבע אַריינגענומען אויך מיין לידער־ציקל „צער פון יידיש".

מיטן אויסנאַם פון געציילטע לידער וואָס איך האָב געשריבן הינטער־וועגס, אויף מיינע רייזעס — האָב איך אַלע לידער פון דעם בוך געשריבן אין ארץ־ישראל.

איך גיב נישט אָן די דאַטעס פון די לידער — מחמת זיי געהערן נישט דעם טאָג ווען זיי זענען געשריבן־געוואָרן, נאָר דער תקופה; דער גרוי־ליקסטער תקופה אין דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק: די היטלער־תקופה נאָך וועלכער יעדער לעבעדיקער ייד (אויך דער וואָס איז אין טרעבלינקע נישט געווען...) איז געבליבן אַ דערשיטערטער עדות פון אַ מאָרד, וואָס די הענט פון דער דייטשער „העכערער ראַסע" איז באַגאַנגען איבער אַ דריטל פונעם יידישן פאָלק.

י. פּ.

הייליקער אָנדענק נאָך די זעקס מיליאָן ברידער מיינע, יידן, וועמען דאָס דייטשישע רוצחים־פאָלק האָט אומשולדיק אומגעברענגט אין מאַידאַנעק, אָשוויענטשים, טרעבלינקע און, אין נאָך אַזעלכע גהנומס, וועלכע האָבן זיך דאַנטען נישט פאָרגעשטעלט...

הייליקער אָנדענק — די אין קאַמף־געפאַלענע אין אויפשטאַנד — אין און אויסער אַלע יידן־געטאָס אין דער בלוט־דערטרונקענער איירָאפּע, אונטער דער צייטווייליקער דייטשישער אָקופּאַציע.

## וואָלקנס

א.

ציען וואָלקנס שווער ווי בליי —
זינגט דער פויגל אויך נישט פריי,
פאַלט דאָס ליכט פון אונטערגאַנג
אויך אַריין אין זיין געזאַנג,
יאָגט אַ שטילער אומרו אָן,
פון זיין יעדן קלאַנג און טאָן,
ס'ווייסט נישט וואָס און ס'ווייסט נישט ווען,
נאָר עס פילט, אַז ס'ועט געשען,
(ס'איז נישט אומרואיק אומזיסט) :
שטורעם טראָגט אַראָפּ, פאַרוויסט.

ב

ברוינע וואָלקנס; שוואַרצע וואָלקנס — אַלע הימלען שוין פֿאַרצויגן,
ווי מיט רויך מיט שטיקנדיקן, פֿון אַ וועלט־וואַלד אַ צעברענטן
און — מיט פֿינצטערניש פֿאַרצויגן איז דאָס ווייסלעכץ פֿון די אויגן,
און די אַפּלען שפּיגלען פֿייער אָפּ, פֿון אַלע קאָנטינענטן.

איז דער שטילער ים, נישט שטיל איצט; רויט איצט זענען אַלע ימען,
רויט פֿון בלוט, און — ס׳גיסן בלוטיק זיך צונויף די אָקעאַנען,
דורכגעשניטענע פֿון שיפֿן, וועלכע שפּייען פֿייער־פֿלאַמען
אויסבאַהאַלטענע, פֿאַרשטעלטע, הינטער קינסטלעכע טומאַנען.

ווי אַ לאַנד־ברעג, ווי אַן אינדזל, ווי אַ ישוב אַ פֿאַרלעגן,
ווי אַ פּוס האָט נאָר באַטראָטן, מיט דער ערד זיך אָפּצוגעבן —
האָבן ברוינע, האָבן שוואַרצע רויבפֿייגל פֿאַרכאַפּט די וועגן,
אַז עס זאָל נישט איבערבלייבן נאָכן טויט, קיין שפּור פֿון לעבן.

## עס שמעקט מיט פולווער

אַז ס'שמעקט די לופט מיט פולווער און מיט שרויט,
מיט גיפט פון האַס
מיט מאָרד,
מיט גאַז,
מיט טויט —
ווי זאָל אַ פויגל, זאָרגלאָז זינגען פאַר דער נעסט
און, פּרוּוון זיינע פליגל צו פאַרמעסט —
אַז הימלען זענען אויך שוין מער נישט פריי,
אַז ס'פליען פייגל שטאָלערנע אין זיי אַרום
און, טראָגן און צעטראָגן מיט אַ שניידיקן געזשום
פונאַנדער אין דער טיפער בלאָקייט — בליי
און אָנזאָג אויף אַ שדים־טאַנץ,
וואָס וועט אַ גרעזעלע אויף דר'ערד נישט לאָזן גאַנץ —

ווי זאָל אַ פויגל, זאָרגלאָז זינגען פאַר דער נעסט
און, פּרוּוון זיינע פליגל צו פאַרמעסט.

## יעדע נאַכט

יעדע נאַכט, יעדע נאַכט, נאָכן שליסן די טיר,
ווען כ׳וואַרט, אַז די רו זאָל מיך קומען באַשלאָפן —
פיל איך דעם דרויסן אַרום און אין מיר,
ווי די טיר, אַ פאַרמאַכטע — געבליבן וואָלט אָפן,
און אינדערטיר, אויפדערשוועל, פיל איך נאַכט,
צעשויבערטע נאַכט, וואָס איז פול מיט באַדראָען,
ווי עס וואָלט האַלטן ביים אויפרייסן עפעס
אַזוינס, וואָס קאָן ברענגען פאַר שרעק, צו שגעון.

## שדים אויף מיין לירע...

אויף מיין לירע שפּילן שדים:
היטלער, מוסאָליני, גערינג
און נאָך אַנדערע, וואָס לעבן
נאָר פון חורבן און צעשטערונג, —

קלינגען מיינע לידער לעצטנס
שווער, ווי בליי אויף בלעך געשאָטן,
מיט אַ ריטם, ווי עס וואָלטן
טריט, מיט שטאָל אויף שטיין געטראָטן;

טריט פון חייל, ווען עס ציען
גאַנצע מחנות פון אַרמייען,
אָנגעלאָדענע מיט שנאה,
וואָס זיי ווילן זי פאַרזייען —

אַז די פרוכט פון איר זאָל אויפגיין
איבער יעדן פעלד פון לעבן,
וואָס איז שטאַרק, און וויל פריצייטיק
זיך דעם טויט נישט אונטערגעבן.

## פאַר שוואַרצע רוחות

אין אַ צייט פאַר שוואַרצע רוחות,
ווען דער טייוול האָט דאָס וואָרט
און, צעשמעטערט אַלע לוחות,
און פאַרהייליקט רויב און מאָרד —
איז קיין צייט נישט פאַר קיין שירה
פון אַ זינגער, אַ פּאָעט,
וועמענס ציטעריקע לירע
ס'האָט פון האַרץ צו האַרץ גערעדט,
זיך פון מענטש צו מענטש געריסן
דורכן טונקלסטן געהיל —
צוצוקומען צום געוויסן,
צו געפיל און מיטגעפיל:
טענער, אַלץ אַזעלכע דינע,
נישט פאַר אונדזער צייט־געהער —
ווען די שוואַרצע פרוכט פון שנאה
גייט אַלץ שוואַרצער אויף, און מער.

## פול...

כ'בין פול,
כ'בין פול מיט קלאַנגען,
ווי מיט קערנער — זאַנגען
פאַרן שניט,
נאָר מיין געמיט:
די מאַמע פון מיין ליד —
איז מפּיל
יעדן ציטער,
יעדן צאַפּל
פון יצירה, —
ווייל אונטער כמאַרעס פינצטערע,
פאַרגייט זי זיך אין טראָגן שירה.

# אין שטורעם

א

אַז ס'האָבן ווינטן אויפגעריסן טיר און טויער פון דער וועלט
און, שוואַרצער, רויטער שטורעם — איינגעלייגט שוין פעלדזן פון גראַניט —
ווי קאָן אַ רייד־זיין פון געפינען ערגעץ רו אין אַ געצעלט,
אויף קאָנען אויסטראָגן דאָס שטילע, ציטעריקע יחוד־ליד.

אַז פיינטלעכע אַרמייען טרעטן מיט די שטיוול אַלץ אין גאַנג,
און לאָזן אויף די פעלדער נישט אַ גרעזעלע אַפילו גאַנץ —
איז ווי זשע זינגט מען אַנדערש פון אַ הפקר־זעלנעריש געזאַנג,
ווי טאַנצט מען עס אַ טאַנץ אַן אַנדערן, אויב נישט דעם טויטנטאַנץ.

אַז טיף געפאַלן איז דער מענטש — דער שפּיגל פון דער וועלט, די קרוין,
און מיט דער קרוין — דאָס ליכט וואָס האָט אין פינצטערניש געלויכטן העל —
ווי קאָן אַ דיכטער פראַווען נאָך התבודדות און, זיין אַליין —
ווען פייער פון אַ וועלט־שריפה איז נאָענט שוין ביי יעדנס שוועל.

ב.

זייט געזעגנט לידער מיינע האַרציקע און צאַרטע,
זייט געזעגנט טויבן מיינע, כ׳לאָז אייך פריי איצט, פריי,
ס׳רייסן מיך פון אייך איצט אָפּ, אכזריותדיקע, האַרטע
שטורעמדיקע טעג און נעכט, פון פייער און פון בליי.

זייט געזעגנט אָדעס, סערענאַדעס און סאָנעטן,
זייט געזעגנט לידער פון נשמה און געפיל,
ווען מען טראָגט די זון און די לבנה אויף באַגנעטן —
איז עס נישט צוליב פּאָעטישן קאַפּריז און שפּיל...

לידער מיינע, כ׳רעכן נאָך צו אייך צוריקצוקומען,
כ׳וועל די לירע מיינע, ווידער נעמען אינדערהאַנט, —
אויב כ׳וועל גאַנץ אַרויס פון קריג, און ס׳וועט נישט זיין פאַרנומען
פונעם פיינט — דאָס ריינסטע, אומבאַרירטסטע דיכטער־לאַנד.

ג

אויף די שלאַכט־פעלדער פון שנאה
צו די „ברוינע יידן־פיינט, —
גייט אַרום איצט אויך מיין שכינה ;
נישט זי רוט און נישט זי שיינט, —

ז'איז אַוועק מיט פאַרטיזאַנער,
ווי מיט שניטער צום פאַרזיי, —
נישט צו זינגען זיי קיין לידער,
נאָר פאַרבינדן ווונד און וויי, —

אונטער פייער, אונטער פלאַמען —
ברענגען טרייסט זיי, געבן מוט,
זיין אַ שוועסטער זיי, אַ מאַמע, —
גרייט צו געבן זיי איר בלוט...

## אַמאָל...

אַמאָל האָט דאָס וואַרטן אויף פרילינג, באַדייט :
דאָס וואַרטן, עס זאָלן די טייכן זיך רירן —
צו פילן אַליין זיך פון גליווער באַפרייט
און — שטיין אין די אָפענע פענצטער און טירן —
צו אויפנעמען מאַי־טעג, ווי ליבלעכע געסט,
וואָס קוקן מיט וואַרעמע אויגן, ווי טויבן,
און — טרייסטן דיך, טרייסטן : דו ועסט נאָך ! און וועסט,
און — מאַכן דאָס האַרץ פול מיט ציטער פון גלויבן.

און היינט איז דאָס וואַרטן אויף פרילינג — די שרעק
פאַר קאָנען דאָס לעצט־ביסל גלויבן, פאַרלירן ;
די שרעק פאַר די בלוטיקסטע וואַכנעכט, פאַר טעג
פון ברוינע חיילות וואָס וועלן זיך רירן — — —
זיך רירן אין מאַרש — צו פאַרוואַרפן דער וועלט
די פעטליע די ברוינע, פון מאָרד און פאַרניכטונג, —
אַז לאַנג זאָל נישט אויפגיין קיין גראָז אויפן פעלד, —
אַז לאַנג זאָל נישט אויפגיין ביי דיכטער, קיין דיכטונג.

# פון גאָר דער וועלט

פון גאָר דער וועלט, צו גאָר דער וועלט —
אַ טרויעריקן ברידער־גרוס.
פון גרענעצן, געשוואַרצט צו פוס,
מיט שיפן און מיט באַנען.
כ'האָב זיי אין פּאַריז באַגעגנט —
הײמלאָזע, פּאַרוויסטע,
נישט צו פרעגן זיי פונוואַנען —
אויפן „פּלעצל", „רעפּובליק", „בעלוויל" —
געקומענע געפינען דאָ אַזיל.
איז טרויעריק געוואָרן מיר פון זיי —
ווען כהאָב זיך אין פּאַריז מיט זיי געטראָפן,
ווי אַ נשרף מיט נשרפים
פון נישט איין מדינה,
וו ס'האָט פינצטערניש, מיט פייערן פון שנאה —
זיי געטריבן 'שוואַרצן" גרענעצן
מיט שיפן, באַנען און צופוס
און — אָפּגעבן פון זיך, דער וועלט
אַ טרויעריקן גרוס.

## מיינע ברידער אינדערפרעמד

כ׳דערקען זיי, מיינע ברידער, אומעטום,
כ׳דערקען זיי אויך אין פרעמדן גאַנג און שניט,
עס קריכט זיי אויך פון עשו׳ס פעל אויף זיך
אַרויס, דער אומעטומיק־פרעמדער ייד.

זיי פרווון אויסבאַהאַלטן זיך פאַר מיר,
צו ווערן זיך אַנטקעגן מיין פאַרדאַכט,
נאָר ס׳העלפט נישט! ווייל די אויגן פון אַ ייד
דערקענט מען אויך אין פינצטערניש פון נאַכט.

זיי לייכטן, נאָר — אומהיימלעך! ס׳איז אַ ליכט
אין אָפּשפּיגלונג פון שריפות און פאַראַט,
דערפאַר — אין זיי, דער אומרו אינעם בליק,
דערפאַר — אין זיי, דער אומצוטרוי און חשד.

## פאַרלוירן

כ'האָב זיך פאַרלוירן אין דזשונגל פון צוואַנציק יאָר־הונדערטער;
כ'האָב זיך פאַרלוירן אין בייז און אין שלעכטס פונדערצייט,
און שווער איז מיר, שווער זיך צוריק צו געפינען אין ווילדערניש,
ווילדקייט פון מענטש, וועלכער שטייט פון זיין אורשפּרונג נישט
ווייט...

כ'האָב זיך פאַרלוירן, אַזוי ווי ס'פאַרלירט ווער דאָס גלייכגעוויכט
איבערן ראַנד פון אַ מוראדיק, אָפּגרונטיק מויל,
וואָס ווייזט זיינע שטיינערנע ציינער און פעלדזיקע יאַסלעס דיר, —
נאַקעט און פול מיט אכזריות, ביז גרויליקסטע גרויל.

כ'האָב זיך פאַרלוירן אין דזשונגל פון צוואַנציק יאָר־הונדערטער;
כ'האָב זיך פאַרלוירן אין טיפן און ווייטן פאַרגאַנג
פון וועלט־בין־השמשות, אין ליכט פונעם מענטש — אין גע־
פאַלנקייט
קעגן דער ווילדער שימפּאַנזע און אָראַנגוטאַנג.

## ווי קאָן מען...

ווי קאָן מען זיך צונויפנעמען,
אַז מ'איז אַזאַ צעשאָטענער,
אַז מ'איז אַזאַ צעטראָגענער,
געפאַלענער, צעטראָטענער,
אַז מ'איז אַ בלאַט אין שטורעמווינט,
אין שטורעם, דעם דעמאָנישן,
דעם „ברוינעם" און דעם בלוטיקן,
דעם ווילדן און טייוולאָנישן.

ווי קאָן מען זיך צונויפנעמען
און זינגען, ווי דאָס האַרץ באַגערט
אַז, ס'רייסט דער ברוינער ווינט אַפער
פון אונטער אונדז, די שוואַרצע ערד,
און לעשט אַ יעדעס ליכט פון טאָג,
אַ יעדעס פלעמל אינדערנאַכט,
און צינדט בלויז שריפה־פייערן
פון איבערפאַל, פון מאָרד און שלאַכט.

## אין אַ וועלט ווי אין אַ דזשונגל

לעבט מען אין אַ וועלט ווי אין אַ דזשונגל,
ווו עס דראָט פאַרציקונג און פאַרצערונג —
מוז מען אָנגעגורט־זיין ביז די ציינער —
אויף צו שיצן זיך און זיך צו ווערן.

מוז מען האָבן אויערן צו הערן
נישט נאָר ווייטע אָפּקלאַנגען פון קלאַנגען,
נאָר דעם שאָרוו און שאָרך פון בלאַט און גרעזל,
ווען ס'באַרירן זיי ביים פויזשען — שלאַנגען.

מוז מען האָבן אויגן, וואָס דערזעען
די פאַרבאָרגנסטע, געהיימסטע שפּאַלטן
פון באַהעלטענישן, ווו פּאַרטייעט
לויערט די סכנה אויסבאַהאַלטן.

לעבט מען אין אַ וועלט ווי אין אַ דזשונגל,
מוז אַ מענטש אַמאָל נישט מענטשלעך האַנדלען,
מוז אַ מענטש אַמאָל צווישן חיות —
אין אַ חיה זיך אַליין פאַרוואַנדלען.

## צו מיין ברודער, גאָרילע

אורשפּרונג־ברודער מיינער: גאָרילע, —
שעמען, שעמען דאַרפסטו זיך מיט מיר
דעם מענטש: דער מענטש פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
וועלכער קערט זיך אום צוריק צו דיר —
צו ווערן אין די אורוועלדער באַוווּנדערט
פאַר די ווילדע שטיק און ווילדן גאַנג;
באַוווּנדערט פון דיין קעניגין: שימפּאַנזע,
און פונעם קעניג דיינעם: אָראַנגוטאַנג.

אורשפּרונג־ברודער מיינער: גאָרילע, —
שעמען, שעמען דאַרף איך זיך פאַר דיר,
ווי כ'שעם זיך מיט מיין ברודער מ ע נ ט ש — דער אוממענטש,
וועלכער דאַרף בלויז גיין אויף אַלע פיר;
אויף אַלע פיר, אין פראַק און אין צילינדער,
און מיט ווייסע הענטשקעס אויף די הענט;
אויף אַלע פיר — אַ מענטש אַזאַ, וואָס האָט שוין —
ס'הייליקסטע: דאָס מענטשלעכע — געשענדט.

## גרוסן

יעדער גרוס וואָס כ׳דערהאַלט פונדערהיים —
קומט מיר אָן ווי אַ דונער, וואָס גייט
פון אַן אומהיימלעך, פינצטערער ווייט
און — ברענגט גרוסן פון פיין און פון לייד,
מאַכט פול מיר מיט אומרו דאָס האַרץ,
און מיט טרויער — דאָס אויג און דעם בליק,
ווי כ׳וואָלט זען מיינע נאָנטע פון ווייט —
מיט, אויף העלדזער־פאַרוואָרפענע שטריק.

יעדער גרוס וואָס כ׳דערהאַלט פונדערהיים —
קומט מיר אָן ווי אַ פּראָסטיקער ווינט,
וועלכער שניידט אין מיין בלוט זיך אַריין
מיט געוואָי פון פאַרהונגערטע הינט,
און צעברענט אַזאַ פייער אין מיר,
אַזאַ פייער פון צאָרן און בונט, —
אַזש עס ווילט זיך מיר בילן פון צער
צו מיין היים — מיין נישט־היילבאַרע ווונד.

## מיין היים

אַז כ'דערמאָן זיך מיין היים, זע איך: הימלען פאַרצויגן מיט
וואָלקנס פון בליי,
אונטער זיי: טשאַטעס קראָען, וואָס קרייזן און ציען ווי
שנירן פאַרביי,
ס'פליען פייגל צעשראָקן מיט אומרו אין זייערע נעסטן אַריין,
און עס זינקען די קעפּ פון דיביימער, וואָס קורטשען
פון פּחד זיך איין...

אַז כ'דערמאָן זיך מיין היים, הער איך: הונגעריק וועלפיש
געוואָי פון אַ ווינט,
און אַ הייזעריק בילן פון בייזע, צערייצטע, געבונדענע הינט,
אַ בהלה'דיק קלאַפּן פון טירן און טױ'רן, וואָס ווערן פאַרמאַכט
און פאַרהעמערט אויף שטאַבעס, אויף ריגלען און שלעסער,
כאָטש ווייט איז צו נאַכט...

אַז כ'דערמאָן זיך מיין היים, פיל איך: ווערט מיטאַמאָל אין
די בלוטן מיר קאַלט,
ווי כ'וואָלט בלאָנדזשען און פרירן פון פראָסט, אין אַ שניי־ווייסער
נעץ פון אַ וואַלד,
און כ'דערמאָן זיך, אַז כ'האָב אין דער יוגנט, שוין אַלט, אַזוי אַלט
זיך געפילט,
און נישט שפּילנדיק זיך מיט קיין קינדער — אַ לעבעדיק לעבן
פאַרשפּילט.

## פרעמד

איז מען פרעמד ווי אַ שטיפקינד ביי זיך אינעם לאַנד,
ווו מען האָט אין דער קינדהייט געמאָזלט, געפּאָקט, —
קאָן נישט טרייסטן די אָפענע טיר אינדערפרעמד,
ווו דאָס אייגענע פאָטערלאַנד האָט דיך פאַריאָגט.

איז מען פרעמד ווי אַ שטיפקינד ביי זיך אינעם לאַנד,
איז מען פרעמד אומעטום ווו עס זאָל נאָר נישט זיין ;
איז מען פרעמד, ווען מען נעמט דיך אַפילו ווו אויף,
און מען לאָזט דיך אַזוי ווי אַ נשרף אַריין...

## צו פוילן

א

פאָטערלאַנד מיינס, פוילן,
לאַנד פון גרונט, פון פעטן,
כ׳וואָלט דיך מער נישט וועלן
אָט אַזאַ באַטרעטן.

כאָטש איך האָב קיין היים נאָך,
פיל איך קיין באַדויער,
וואָס איך האָב פאַרלאָזט דיך
לאַנד דו, פון מיין טרויער.

קוואַל דו, פון מיין אומעט,
ים פון צער און צאָרן,
האָסט מיך שוין פאַרביטערט
פון די פריסטע יאָרן.

האָסט מיר נישט געגעבן
וואַרעמקייט אויף בענקען —
קאָן איך דיך צום שלעכטן,
פאָטערלאַנד, געדענקען.

שלעכט איז מיינע ברידער,
שלעכט, די שוועסטער מיינע,
ביטער, טאַטע־מאַמען —
אונטערטאַנען דיינע:

יידן, וועלכע האָבן
פיל דיר צו דערציילן,
וועגן זייער מיטהילף
דיר, אין „מאָסקאַלס״ פוילן;

הילף אין דיינע בונטן
קעגן די נאַהאַיען;
הילף מיט לייב און לעבן —
פוילן צו באַפרייען,

פוילן, דאָס פאַרשקלאַפטע,
פוילן, ס'אונטערדריקטע,
היינט שוין — דאָס באַפרייטע,
היינט שוין — דאָס באַגליקטע.

גליק, אַליין צו הערשן,
און פון פרייהייט שיכור:
ביזטו, פאָטערלאַנד מיינס,
אונדזער אונטערדריקער,

מיין און אַלע מ י י נ ע,
וועלכע האָסט פאַרגעסן:
יידן פון דור־דורות
אויף דיין ערד באַזעסן —

רייסטו מיט די וואָרצלען,
טרעטסטו, ווי די גראָזן,
האַלטסטו זיי אין פחד,
ווי אויף יאַגד, די האָזן,

און עס מאַכט דיך לאַכן,
און עס מאַכט דיך פריילעך,
ס'איז דאָך יעדער פאָליאַק
היינט, אַליין אַ מלך...

און פֿאַרגעסט, אַז קרוינען
זענען נישט קיין שטאַמען,
אַז זיי פֿאַלן (אָפּטמאָל
מיט די קעפּ צוזאַמען)...

פֿאָטערלאַנד מיינס, פּוילן,
לאַנד פֿון גרונט, פֿון פּעטן,
כ'וואָלט דיך מער נישט וועלן
אָט אַזאַ באַטרעטן.

ב

אָ, פּאָטערלאַנד פּוילן! מיין היים דו פון שנאה און האַס!
עס ברענט, ווי אַ בלוטיקע ווונד מיך, דער פּוילישער פּאַס;
אַ פּאַס פון אַ בירגער, אָן רעכט פאַר מיין יידישן שטאַם,
וואָס וואָרצלט און זויגט פון דיין ערד, אָנשטאָט חיות — נאָר סם.

ווי זאָל איך דיך, ווײַ־לאַנד, נישט ביטער דערמאָנען לגנאי —
אַז כ'בין אויף די פעלדער די פרייע, ביי דיר שוין נישט פריי,
אַז כ'קאָן שוין אַפילו נישט דורכגיין מיין יידישער גאַס —
עס זאָלן נישט פאַלן אויף מיר דיינע שטיינער פון האַס.

„מיין פּאָטערלאַנד" — זאָג איך, און — ס'קלינגען די ווערטער
מיר פרעמד
און קאַלט, ווי עס איז אין אַ מלבוש, ווען ס'לייב טראָגט קיין
העמד,
און ווייט, ווי ס'וואָלט קיינמאָל ביי דיר נישט געשטאַנען מיין וויג,
און שפּעטער: דאָס בעט מיינס, פאַר אַלע חלומות פון גליק.

מיין היימלאַנד! שוין יאָרן, ווי כ'האָב דיך פאַרלאָזט און אַוועק,
און האָב זיך נאָך אַלץ נישט באַפרייט פונעם ציטער און שרעק
פאַר גרוילן, וואָס גרייכן צו מיר פון דיין פינצטערער ווייט,
ווו ס'ווערן פון פּיין מיינע א י י ג ע נ ע גראָ פאַר דער צייט.

ווי שיין ביסטו, פּאָטערלאַנד פּוילן, ווי זאַפטיק און רייך!
נאָר, וואָס קומט אַרויס מיר, דיין בירגער, מיט בירגער נישט גלייך,
אַ בירגער פון בירגער, וואָס אָטעמען שנאה און האַס,
און וואַרטן, צו קאָנען דיר אומקערן ווען־ס'איז — דעם פּאַס.

ג

פאָטערלאַנד מיינס, פוילן,
כ׳שיק מיין פאַס דיר צ׳ריק,
און: מוחל דיר דאָס גוטס דיינס,
מוחל דיר דאָס גליק
פון: צו זיין דיין שטיפקינד,
אויסגעשטעלט אויף קלעפּ,
וואָס פאַלן, ווי אַ האָגל
אויף די ברידערס קעפּ.

פאָטערלאַנד מיינס, פוילן,
היים דו, פון מיין וויג;
מיטן פאַס דיר — רייס איך
הינטער זיך די בריק;
בריק, וואָס פירט צום שונא,
וועלכער יאָגט מיך נאָך:
טייטן, אָדער שפּאַנען
אין זיין שוואַרצן יאָך.

פאָטערלאַנד מיינס, פוילן,
כ׳שיק מיין פאַס דיר צ׳ריק;
און אויב כ׳וועל ווען־ס׳איז בענקען
טאָן אויף דיר אַ בליק —
זאָלסטו זיין דאַן אַנדערש,
פריידיק, פריי און ניי,
און — אויפגיין מיט אַ לעבן,
וואָס זאָל זיין כּדאַי.

ד

פוילן, פוילן — היים דו פון מיין וויג,
פון וואַנען ס׳קומען גרוסן איצט — אַראָפּצוגייין פון זינען;
גרוסן וועגן נאָנטע, אומגעקומענע אין קריג,
און וועגן לעבעדיקע צווישן חורבות און רואינען.

פוילן, פוילן — היים דו פון מיין וויג,
וואָס כ׳האָב שוין לאַנג פאַרלאָזט, זיך מער נישט אומצוקערן ווידער;
ס׳איז אַ שאָד, אַ שאָד מיר, ס׳פאַלן דיינס אין בראָך פון קריג,
נאָר ווײ־טאָן טוט מיר ווײ, פאַר מיינע אומשולדיקע ברידער.

ה

אַז דער ברוינער שטורעם
האָט אין פּוילנס אַלטע וועלדער
אויסגעריסן דעמבעס,
און צעווישן זיי — דעם טאַטן מיינעם —
איז די מאַמע מיינע, זיכער אומגעקומען,
אומגעקומען ווי אַ וויינענדיקע ווערבע.

האָט אַוודאי קיינער נישט געזען,
ווי די מאַמע איז אין טויט־געווירבל —
מער נישט אויפצוהייבן זיך — געפאַלן
און געבליבן ליגן
מיטן קאָפּ אין טייך פון בלוט און טרערן.

## אין פייער פון שנאה

אין פייער פון שנאה; אין פייער פון קריג —
איז חרוב־געוואָרן די היים פון מיין וויג,
מיין אָרעמע היים אויף דער פּוילישער ערד.
דער זאַפּטיקער, פעטער, וואָס האָט מיך גענערט
מיט ברויט און מיט... טרערן (מיט טרערן פיל מער
ווי ברויט), וואָס געוועז איז אי ביטער, אי שווער
און האַרט, ווי עס איז פאַר אַן אורח אויף קעסט,
ביי זיך אין זיין היימלאַנד, ביי זיך אין דער נעסט,
ווו יעדער נישט־ייד, האָט פאַר ווילטאָג געקענט
אַריינוואַרפן פייער — צו זען ווי זי ברענט...

און דאָך — איז אַ בענקשאַפט אַ גרויסע פאַראַנען —
צו זען־וועען דאָס אָרט ווו די וויג איז געשטאַנען,
און ס'אָרט ווו מען האָט אַמאָל וואָרצלען געשלאָגן,
כאָטש ס'לעבן געווען איז נישט איבערצוטראָגן...

## אַ בריוו קיין פוילן

כ׳האָב אַוועקגעשיקט אַ בריוו קיין פוילן
און אויף ענטפער, אויסגעקוקט די אויגן ;
איז דער בריוו אַהיים צו מיינע נאָנטע,
ווי די טויב אין נחס צייט, געפלויגן,

אָבער — נישט דערפלויגן אינעם מבול
אינעם גרויליקן, פון בלוט און פייער ;
נישט דערפלויגן ביז צו טאַטע־מאַמע
און צו יעדן דאָרט, וואָס איז מיר טייער. —

איז די טויב צו מיר צוריקגעקומען
אָן אַ גרוס פון מ י י נ ע אָפּצוגעבן,
אומגעקערט זיך, ווי צו נחס תבה —
אָן אַ צווייגעלע אַ גרינס, פון ל ע ב ן ;

און געברענגט האָט זי פון וועג בלויז אומרו,
טרויער און אבלות אָן אַ שיעור
און, ס׳געפיל פון דאַרפן רייסן ק ר י ע ה.
נאָר, נאָך וועמען זאָל איך רייסן פריער ? !...

## אונטער די פוילישע ביימעלעך

אונטער די פוילישע גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך מער נישט קיין משה'לעך, שלמה'לעך;
שפּילן זיך מער נישט קיין שרה'לעך, לאה'לעך,
נישט אויף קיין גרעזעלעך; נישט אונטער שנייעלעך.

ס'הילכן שוין מער נישט קיין יידישע שטימעלעך
פון די קונדסימלעך, מאָטעלעך, שימעלעך,
מיט די צעקרעלטע, צעדראַפּעטע צורה'לעך
פונעם באַווייזן וווּנדיירים און גבורה'לעך.

ס'טרויערן איצטער די פוילישע ביימעלעך;
טויט זענען יידישע היימען און היימעלעך;
טויט זענען געסעלעך; חרוב — די הייזעלעך
וווּ עס פאַרשטעקן זיך קינדער, ווי מייזעלעך;

יידישע קינדער מיט גרויסענע אויגענעס
שוואַרצע, אַזוי ווי מיט חושך פאַרצויגענע,
אויגענעס פולע מיט פּחד פאַרלאָפענע
אונטערן אומגליק דעם „ברוינעם", געטראָפענע.

## וואַרשע אָן יידן

וואַרשע, די שטאָט פון מיין היים פון געבוירן;
וואַרשע, די שטאָט וואָס פלעגט קאָכן און זידן
ווי אויף ירידים — מיט לעבן מיט יידיש;
וואַרשע — אָן יידן; וואַרשע — אָן יידן.

פרוּוו איך די אויגן אויף האַלב צו פאַרמאַכן,
דאָס ליכט זאָל נישט שטערן צו זען, נאָר איך זע נישט,
צו שוואַך איז דער כוח־הדמיון, און וואַרשע
אָן יידן זיך פאָרשטעלן — קען איך נישט, קען נישט.

וואַרשע — אָן יידן; וואַרשע אָן יידן,
איז ווי אַ לעבן וואָס גיט נישט קיין רעגונג,
איז ווי אַ וואַלד פון געפאַלענע ביימער,
איז ווי אַ ים, וואָס ליגט טויט, אָן באַוועגונג.

וואַרשע אָן יידן — ווי מען זאָל זאָגן:
אַ זייגער, וואָס האָט נישט קיין אומרו און שלאָגט נישט,
אַ יידישע מאַמע פון גלות, וואָס וויינט נישט,
אַ יידישע מאַמע פון גלות, וואָס קלאָגט נישט.

וואַרשע אָן יידן, עס ווילט זיך נישט גלויבן,
כאָטש עס איז אמת, צום טיפסטן באַדוירן,
ס'ליגט אין די דייטשישע חיהשע נעגל —
וואַרשע, די שטאָט פון מיין היים פון געבוירן.

## נישטאָ!...

געענדיקט מיט מיין אַלטער היים, געענדיקט!
נישטאָ קיין בריק קיין איינציקע, אויף צ׳ריק;
נישטאָ כמעט קיין שפור פון יידיש־וואַרשע —
די היים־שטאָט, ווו געשטאַנען איז מיין וויג.

געבליבן בלויז, דערציילט מען — ס׳בית־הקברות,
און אהל־פרץ־דינענזאָן איז גאַנץ,
נאָר, ס׳איז פון פוילנס יידן־וואַלד נישטאָ מער
ווער ס׳זאָל צו יאָרצייט לייגן זיי אַ קראַנץ...

נישטאָ שוין מער קיין „שבת־יום־טובדיקע״,
און אויך נישט די פון וואָכנדיקן שפּאַן;
נישטאָ, נישטאָ קיין „עמד, שער און אייזן״,
און יאָסעלעך — נאָך ווייניקער פאַראַן.

נישטאָ שוין מיינע לייבלעכע און נאָנטע
מיט וועמען ס׳האָט מיך בלוט און פלייש געקניפּט;
נישטאָ שוין די, וואָס כ׳האָב באַקעמפּט מיט אייפער,
און יענע, וועלכע כ׳האָב אַמאָל געליבט.

נישטאָ, נישטאָ שוין — דאָס איז דער סך־הכל,
דער אונטערשטער, דער לעצטער שוואַרצער שטריך;
ווו דורכגעגאַנגען איז די פעסט די ברוינע —
דאָרט האָט זי אומקום, טויט, געלאָזט נאָך זיך.

און דאָרט, ווו אויף להכעיס אַלע שונאים
געוואָרצלט אינדערפרעמד האָט, און געבליט
אַ יידיש לעבן, וואָס האָט הויך געשלאָגן
און ווי אַ וואַלד — געראוישט, געגעשט מיט ייִד —

איז טויט, ווי אויף אַן ענדלאָז בית־הקברות
ווו גוט און היימיש פילט זיך נאָר די קראָ
און — ס׳שרייט פון יעדן שטיין, פון יעדן ברוך־שטיק:
נישטאָ שוין מער, נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ!

## דער וועג פון טויט

א

אין דער געגנט פון טרעבלינקע,
וווּ דער ווינט האָט אַש געזייט,
אַש פון מענטשן — צוגעקומען
איז אַ וועג: „דער וועג פון טויט",
וואָס איז נישט ווי אַלע וועגן
בלויז פון אַספּאַלטירטן שטיין,
נאָר פאַרקנאָטן אויך מיט מענטשן,
מענטשן־אַש און מענטש־געביין.

אָט דעם טויטן־וועג געפלאַסטערט
האָבן בלוטיק־ברוינע הענט,
וועלכע האָבן שטעט און דערפער
מיט די איינוווינער פאַרברענט,
און אַ שטיין נישט גאַנץ געלאָזן
אונטער זייער יעדן טראָט,
וואָס פאַרלענדט האָט און געשענדט האָט
יעדע קדושה, יעדן גאָט. —

ליגט דער וועג איצט פאַר די אויגן —
ווען מען האַלט זיי אויך פאַרמאַכט;
ס'וואָלט דער טייוול נישט געוועג זיך
צו אַ וועג אַזאַ דערטראַכט —
ווי עס האָבן זיך דערטראַכט עס
אָן צו האָבן אַ פאַרגלייך
מיט דער חיהשקייט און בלוט־דורשט —
די, פון דריטן מערדער־רייך.

ב

אויף די פעלדער פון מאַידאַנעק,
פון טרעבלינקע און אָשוויענטשים,
טראָגן ווינטן, זייען ווינטן
אַש פון קויל־פאַרברענטע מענטשן —
אַש פון מיינע ברידער, שוועסטער,
וואָס די האַקנקרייצלער האָבן
אויסגעסמט און אויסגעשאָסן,
און אויך לעבעדיק באַגראָבן.

ווינטן, ווינטן, וואָס וועט אויפגיין
פון אַ זריעה אָט אַזאַ מין ?
פון אַ זריעה, וואָס געבליבן
בערג איז — פון גיהנום־פלאַמען ;
וואָס וועט זיין פון איר צו שניידן ?
נישט קיין ווייץ און נישט קיין קאָרן,
נאָר די פרוכט פאַר מענטשן־פרעסער :
פרוכט פון האַס, פון צער און צאָרן.

ווינטן ווייסן גאָרנישט, גאָרנישט,
האָבן גאָרנישט וואָס צו זאָגן ;
ווינטן דאַרפן נאָר צעזייען,
ווינטן דאַרפן נאָר צעטראָגן
איבער אַלע וויסטע פעלדער —
אַש פון קויל־פאַרברענטע מענטשן,
ווי אַ זכר פון מאַידאַנעק,
פון טרעבלינקע און אָשוויענטשים.

## צו מיין לאַנדסמאַן סטאַך

זע נאָר וועמען כ'זע דאָ !
יאַק שען מיעוואַש, סטאַכו ?!
דו אין „פּאַלעסטינע" ?!
וואָס די צייט קאָן מאַכן !
וואָס דער גורל קאָן אַלץ אָפּטאָן,
לאַנדסמאַן מיינער, סטאַכו !

וואָלסטו, סטאַכו, זיך געגלויבט עס,
ווען מען וואָלט אַמאָל דיר זאָגן
אַז: ווי מיר אין גלות —
וועט דער גלות דיך צו אונדז פאַרטראָגן
דאָ, צו אונדז אין „פּאַלעסטינע",
וווּ איר פלעגט לגנאי אונדז שיקן —
פול צו אונדז מיט האַס און שנאה,
„זשידזשע, זשיד, דאָ פּאַלעסטיני" ! —
וואָס'ער אַלט און טרוי'ריק לילד !
אָבער סטאַכו, ס'איז אַ ייד דאָ
מער נישט דאָס צעבראָכן יידל,
וועמ' מען קאָן די באָרד און פאות רייסן
און אין קאַשע שפייען —
ווי איר פלעגט עס טאָן אַמאָל
ביי זיך אין פוילן־לאַנד, אין „פּרייען".

זיי מיר מוחל, סטאַכו, וואָס כ'דערמאָן עס !
לאָמיר עס פאַרגעסן
און, די הערצער זיך נישט עסן ;
וואָס געוועזן איז געוועזן,
וואָס געוועזן איז אַריבער,
זיי זשע אונדז אַ גאַסט אַ ליבער,

אדרבא, אדרבא!
אפשר וועסטו איצט אין גלות
עפּעס לערנען אויף להבא —
אויפן טאָג, ווען יעדע שפּור
פון היטלערס שדים־טראָט וועט ווערן
אויסגעבראָכן און אויסגעריכערט,
ווי נאָך אַ קאָשמאַר אַ שווערן,
און דיין היים וועט ווידער אויפשטיין
און דיך רופן, און דיך וועקן,
אין אַ פּוילן, נישט ביי „פּאַנעס",
נישט ביי שמיגליס און קאָץ־בעקן;
ס'וועט דיך רופן סטאַך, אַ פּוילן
אַ באַפרייטס פון בלוט און טרערן,
און אַזאַ, וואָס וועט די אַרבעטער
און פּויערים געהערן.

## פוילן, דאָס געפאַלענע

האָט מיין פאָטערלאַנד געזונגען:
„נאָך איז פוילן נישט פאַרלוירן",
און די זין זיינע — די וואָנסעס
שטייף פאַרדרייט זיך ביז די אוירן,
און די טעכטער, פוילנס טעכטער,
(זאָל דער גוטער יאָר זיי וויסן,
וואָס זיי האָבן די פאַרשאַרצטע
נעזלעך — העכער נאָך פאַרריסן),
און געקוקט אויף זיך אַזוי, ווי
ס'קוקט זיך אויפן עק, אַ פאַווע,
און — אַ פּאָלק האָט אָפּגעשטויסן
מיט זיין שרייענדיקער גאווה:
נאַשאַ פּאָלסקאַ! מי, פּאָליאַצי!
ס'פּאָלק פון וואַזאַ און קאָשציושקאָ,
פון באָלעסלאַוו און יאַגעלאָ,
פון מיצקעוויטש און מאָניושקאָ;
נאַשאַ ניעפּאָדלעגלאַ פּאָלסקאַ
מוז און וועט אַריבערוואַקסן
אויך דעם „מאָסקאַל" איבער קיעוו,
און דעם „שוואַב" מיט פּרייסן, זאַקסן,
און נאָך ווערן אַ מאָצאַרסטוואָ
מיט אַ מלך און אַ מלכּה
און — מיין פאָטערלאַנד, פאַרטרונקען
האָט דער חלום מיט „גאָזשאַלקע",
מיט דער נאַציאָנאַלער משקה,
וואָס עס טרינקט אין פרייד און טרויער —
סיי דער „פּאַן", דער „וויעלאָמאָזשני",
סיי דער בידנער כלאָפּ, דער פּויער,

סיי די אַרבעטער, וואָס זענען
אי די פערד און אי די רעדער,
און געטרונקען האָבן אַלע,
נאָר געגעסן האָט נישט יעדער...

טרינקט מען ביז צום שיכור־ווערן —
הייבט מען ווילד די פיס ביים טאַנצן:
האָט מיין פאָטערלאַנד געהיטן,
אַז די שטיוול זאָלן גלאַנצן,
און די שפּאָרן זאָלן קלינגען,
אַ מאַזורקע, קראַקאָוויאַנקע,
און די ריטער, פּוילנס ריטער —
זאָלן בליאַסקען, זאָלן בליאַנקען,
מיט די שטאָלערנע קאָרסעטן,
עפּאָלעטן, שווערדן, שפּאַדן:
אַן אַרמיי מיט אַלע כּלים,
נאָר — צו פירן אויף פּאַראַדן...

טרינקט מען ביז צום שיכור־ווערן —
מוז זיך פונעם טרינקער שפּירן...
און אין נאַציאָנאַלן שיכּרות —
קאָן אַ פאָלק דעם קאָפּ פאַרלירן,
און באַווייזן העלדישקייטן
דאָן־קישאָטישע, מיט מילן,
אָדער געבן מאַכט און כּוח
נאָר דעם שוואַכערן צו פילן,
ווי עס האָט מיין היימלאַנד פוילן,

גדלותדיק און אומצופרידן
מיט די אַרבעטער און „פּרעמדע" —
אויסגעלאָזט דעם כעס צו יידן.

„יידן, יידן — די „באָלשעוויע",
„ווּ אַן אומגליק — זייער האַנט",
„זענען פיינט פון אונדזער אויפלעב",
„גראָבן אונטער אונדזער לאַנד".

„פּאָליאַק, דינער דו געטרייער
פון דיין פּאָטערלאַנד, זיי וואַך !"
(הייבט אַ הונט ווּ אָן צו בילן —
נעמען בילן הינט אַ סך)...

ס'איז דער הונט ווי ס'איז דער דינער,
און דער דינער — ווי דער האַר ;
(ס'פאַלט נישט ווייט פון בוים דער עפּל)
קעגן ייד, איז יעדער — פאַר...

האָט מען אויכעט אין אַ חגא —
מיט אַ יום־טובדיק געמיט,
נישט פאַרגעסן אויף „זאַבאַווע"
באָרד און פאות פון אַ ייד...

ווער נאָך שמועסט, אין אַ צרה
(ווען דער פּריץ איז אין כעס) ? —
האָבן יידן, אין מיין היימלאַנד,
נישט געוויזן זיך אין גאַס...

„נישט אַלע יידן — פלעגט דער פּאָליאַק זאָגן, —
זענען שלעכט און שמוציק, ווי דאָס רוב איז".
(דאָס האָבן זיי געמיינט נאָר יענע „מאָשקעס",
וועלכע טאַנצן פאַר אַ גוי „מה־יפית",
און זוכן, צו געפעלן אין די אויגן
פונעם פריץ), ווי פון פוילנס „שליאַכטע",
וואָס פלעגט אַ „זשידעק" געבן אַ פאַרדינסטל,
אָדער, אַ „מאַיאָנטעק" ווו, אויף פאַכטע.

בלינדע שנאה מאַכט נאָך בלינדער,
מאַכט נאָך טעמפּער ווי מען איז:
לאָזט מען זיך אויף רויב און פּלינדער
און אויף טרעטן מיט די פיס,
וואָס עס לאָזט זיך נישט באַרויבן
און אַוועקטראָגן אין זעק...

פליען שטיינער, בראַזגען שויבן
און — אויף יידן אַ געיעג;
אַ געיעג און אַ בהלה,
אַ פאַרהאַקן שטוב און קראָם:
פוילן ווייזט וואָס הייסט: ממשלה —
מיט אַ צאַרישן פּאָגראָם.

אין אַ בלינדער, טעמפּער שנאה
גייט פאַרלוירן דער זכרון;
און ס'האָט פוילן גיך פאַרגעסן
הינטער זיך די גלות־יאָרן:

ווען זי איזביים „מאָסקאַלס" קנאַפּל
אַ געבונדענע געלעגן,
און געחלומט פון באַפרייאונג
און געזוכט צו איר די וועגן,
און פאַרבונדן זיך מיט יידן,
ווי מיט ברידער מיט באַדריקטע,
וועלכע האָבן אויך געטראָגן
קייטן, און געווען פאַרשיקטע,
ווי בונטאָווטשיקעס, וואָס לאָזן
אין דער קאַשע זיך נישט שפּייען...
און געהאָלפן די פּאָליאַקן
פונעם „מאָסקאַל" זיך באַפרייען,
נאָר ס'האָט פּוילן שוין פאַרגעסן
און זי קען זיך נישט דערמאָנען —
בערקען, בערעק יאָסעלעוויטש
פון די יידישע לעגיאָנען.

פּוילן — אַ מלוכה, ווי דער שטייגער:
מיט אַ פּרעזידענט, מיט מיניסטאָרן,
גענעראַלן, אָפיצירן, דיפּלאָמאַטן,
און — עס קלינגען הויך מיט שווערד און שפּאָרן
וווּדאָפּוילאַ, כאַמסקי און שווייניאַרסקי —
(אַדל, נאָך אין בלוט פון טאַטנס טאַטן),
אַ געזינדל, וואָס געדאַרפט וואָלט כ'לעבן —
זען די וועלט די שיינע, הינטער קראַטן...

פּוילן פּראַוועט מלכות. מאַכט „פּאָזשאָנדעק",
און פאַרנעמט זיך ברייט און האַרב מיט... יידן

און „נענדזאַזשעס״, וועלכע זענען קיינמאָל
מיטן גורל זיי׳רן נישט צופרידן,
און זיי גייען קעגן גאָט און מלכות,
ווייל עס ברענגט קיין אויסלייז און באַנייאונג, —
אויסער תפיסהס, ווו צו קאָנען שפינען
אומגעשטערט, דעם חלום פון באַפרייאונג.

נישט ווייניק געווען געשמידטע
אין ניי־אויפגעשטאַנענעם פוילן,
וואָס האָט (פאַרן אויג) — אַ צעבליטע —
אין שורש געטראָגן דאָס פוילן,
ווייל ס׳זענען געווען אירע שמידער:
די „פאַנעס״, די פריצישע קליקעס,
וואָס האָבן מיט שיכורע לידער
געטראָגן די פרייהייט אויף שטיקעס...

ס׳געשעען נישט שטענדיק קיין ניסים,
אַזוי ווי דער „נס ביי דער ווייסל״,
און ס׳העלפט נישט אַמאָל קיין פּילסודסקי,
און אויך נישט דאָס בעסטע מין וואָפן —
אויב ס׳שטייען ביים רודער אַ שמיגלי,
אַ בעק און נאָך אַנדערע „פייגל״,
וואָס זענען די ערשטע פון קאַמפּספעלד —
אַזוי ווי די האָזן אַנטלאָפן,
און האָבן אויף הפקר געלאָזן
אַרמייען, ווי שאָף אָן אַ פּאַסטעך,
געלאָזן פאַר וועלפישע ציינער

פון בלוט־ריינע אַרישע האָרדעס,
און האָבן דאָס פאָטערלאַנד זייערס
און ס׳פאָלק, און אַליין זיך פאַראַטן, —
מיט ראַטעוועז קודם פון פייער,
די אייגענע הינטישע מאָרדעס...

האָט מיין פאָטערלאַנד געזונגען:
„נאָך איז פוילן נישט פאַרלוירן"
און די זין זיינע — די וואָנסעס
שטייף פאַרדרייט זיך ביז די אוירן,
און געחלומט פון „מאָצאַרסטוואָ,
פון אַ מלך און אַ מלכה,
און דעם חלום — ביז פאַרלירן זיך —
פאַרטרונקען מיט „גאָזשאַלקע".

טרינקט מען ביז צום שיכור־ווערן —
מוז זיך פונעם טרינקער שפּירן,
און אין נאַציאָנאַלן שיכרות —
מוז אַ פאָלק דעם קאָפּ פאַרלירן,
און זיין העלדישקייט און גבורה —
אויפן שוואַכן אויספּרובירן,
און אין טעמפּער גרויסקייט־מאַניע —
ס׳לאַנד צום אונטערגאַנג דערפירן.

*

ווי זאָל איך דיך אַרומנעמען, מיין ברענענדיקער שטאַם —
אַז כ'בין אַליין אין פייער און אין פלאַם ;
אַז וואָס עס טרעפט ווו דיך —
טרעפט אויכעט מיך :
דיין טרויער־זינגער, וואָס באַקלאָגט
די נעסטן דיינע,
וואָס אַ יעדער ווינט צעטראָגט.

ווי זאָל איך דיך אַרומנעמען, מיין ברענענדיקער שטאַם,
אויף וועמענס אַלט־צעצווייגטן קאָפּ
עס לאָזן אַלע דונערס זיך אַראָפּ
מיט בליצן, ווי די שאַרפן,
און אויף וועמען יעדער שטורעם, גרייט איז
מיט דער גאַנצער ווילדקייט זיך צו וואַרפן, —
אויסצעוואָרצלען דיך פון אַלע טיפן,
און אַראָפּצוטראָגן דיך פון יעדער פלאַך,
אַראָפּטראָגן, ווי אַש מיט רויך פון פייער־פלאַם —
ווי זאָל איך דיך אַרומנעמען, מיין ברענענדיקער שטאַם ? !

## פאַרטיזאַנער

אַ ביקס אויפן אַקסל; אַ גאַרטל מיט קוילן;
מיט ברען אין די אויגן; מיט שנאה אין האַרצן; —
אַזוי איז מען קעמפן אַרויס קעגן „ברוינע",
אַזוי איז מען קעמפן אַרויס קעגן „שוואַרצע";
אַזוי זענען אַרבעטער, בריקלייגער, באַנער,
שאַכטיאָרן — געוואָרן אין קריג, פאַרטיזאַנער —
אין בונקערס, אין היילן, אין וועלדער געדיכטע:
צו קאָנען דעם שונא מיט קלעפּ אומגעריכטע
באַפאַלן פון הינטן און, זייען מהומה
ביי אים און, צו שטילן דעם דורשט נאָך נקמה —
אים אויפרייסן באַנען; אים אויפרייסן בריקן:
די „פריצן" — אויף יענער וועלט איבערצושיקן...

אַזוי איז מען קעמפן אַרויס קעגן „ברוינע",
אַזוי איז מען קעמפן אַרויס קעגן „שוואַרצע";
אַ ביקס אויפן אַקסל; אַ גאַרטל מיט קוילן;
מיט ברען אין די אויגן; מיט שנאה אין האַרצן.

# אין וואַלד פון מיין שטאַם

א

עס האַקן די רוצחים, די ברוינע, מיין יידישן וואַלד,
וואָס שטייט ביז די קני שוין, אין בלוט, און אין פייער און פלאַם ;
אַ בוים נאָך אַ בוים האַלט נישט אויס, גיט זיך אונטער און פאַלט
און לאָזט נאָך זיך איבער דעם שטאַם.

אַ שטאַם, ווי אַ האַלדז אַ געקעפּטן, פאַרגראָבן אין דר׳ערד,
אַ שטאַם, ווי מיט שטאָלענע נעגל פון פיס און פון הענט,
אַ שטאַם אָט אַזאַ, וואָס ער ווערט נישט פאַרלענדט פון קיין שווערד
און ווערט נישט אין פייער פאַרברענט.

אַזאַ איז מיין יידישער שטאַם אין מיין יידישן וואַלד,
וואָס שטייט ווי אַ תבואה־פעלד אונטערן נאַצישן שניט ;
אַ בוים נאָך אַ בוים האַלט נישט אויס, גיט זיך אונטער און פאַלט,
נאָר ס׳פאַלט נישט דער אייביקער ייד.

ב

ס׳איז אמת אַלץ, אמת — משוגע־צו־ווערן פון ווייטיק און צער!
נאָר שוואַרץ איז דער דמיון — צו קענען באַנעמען די גרויס פונעם בראָד,
די גרויס פונעם חורבן און אומגליק, וואָס האָט ווי דער פינצטערער גזר
געטראָפן מיין שטאָם, מיין געפרווּוטן — אין שוואַרצן געזאָט און געקאָד.

ס׳איז אמת אַלץ, אמת — ס׳האָט איבערגעשטיגן יאָר־טויזנטער צוויי
מיט באַרטאָלאָמיי־נעכט, מיט קרייץ־צוגן קעגן דעם „אייביקן ייד״ —
דער נייער, דער ברוינער עמלק, וואָס האָט נאָך זיין שוואַרצן פאַרזיי
געמאַכט אין מיין שטאָם איצט, דעם גרעסטן, דעם טיפסטן און בלוטיקסטן שניט.

ג

אַז דערדריקן קאָן דער טרויער, נאָכן אומקומען פון א י י נ ע ם —
ווי קען איינער טראָגן טרויער נאָך געשאָכטענע מיליאָנען ?!
ווי קאָן איינער האָבן טרערן, די מיליאָנען צו באַוויינען,
און צו האָבן כוח פאַר די אומגעקומענע צו מאָנען!

ס'אויג איז טרוקן ווי אַ מדבר, און דאָס האַרץ — אַ שטיין
אַ שווערער,
שטום — דאָס מויל; די צונג — געליימט איז, און דאָס לשון —
אָפּגענומען,
ווי עס וואָלט אין טיפן צער און ווייטיק נישט געבליבן מערער —
ווי צו בעטן — מיט די אומשולדיקע ברידער, אומצוקומען.

## ווען כ׳וואָלט...

ווען כ׳וואָלט טאַטע־מאַמען כאָטש ברענגען באַצייטנס אַהער
אין לאַנד פון די אבות, צו וועלכן זיי האָבן געשטרעבט —
וואָלט דאָס געוויסן מיך איצט נישט געפּלאָגט אַזוי שווער,
און זיי, טאַטע־מאַמע — זיי וואָלטן געווען נאָך געלעבט;

זיי האָבן נאָך יאָרן געהאַט, און נאָך לעבן געקענט —
ווען ס׳וואָלט נישט אויף זיי זיך געהויבן די רוצחישע האַנט
פון ברוינעם עמלק, וואָס האָט אין זיין דורכגאַנג פאַרלענדט
און חרוב געמאַכט ביזן גרונטשטיין — אַ לאַנד נאָך אַ לאַנד;

און האָט פאַר דעם קרבן, דעם ערשטן, גענומען — דעם ייד,
דעם אייביקן ייד, פאַר דער אייביק־טייוולאָנישער שפּיל
פון די, וועלכע האָבן אין גאַנג נאָכן בלוטיקסטן שניט —
ווי חיות צוויי־פּיסיקע — נאָר דאָס פאַרציקונגס־געפיל,

און נישט קיין געפיל פאַר קיין רחמים אויף יונג
און אויף אַלט,
וואָס זענען אין אומשולד — די טויבן די קלאָרע ווי שניי,
די פייגל, וואָס פליען נישט ווייט פון דער נעסט, ווען דער
וואַלד
אַן אונטערגעצונדענער — ברענט, און פאַרברענט אויכעט זיי.

ווען כ׳וואָלט טאַטע־מאַמען כאָטש ברענגען באַצייטנס אַהער
אין לאַנד פון די אבות, צו וועלכן זיי האָבן געשטרעבט —
וואָלט דאָס געוויסן מיך איצט נישט געפּלאָגט אַזוי שווער,
און זיי, טאַטע־מאַמע — זיי וואָלטן געווען נאָך געלעבט.

## דעם טאַטנס טויט

דער טאַטע, דער דעמב אינעם היימישן טרויריקן וועלדל,
ווו ס׳זענען דיביימער געוואַקסן, אַזוי ווי געשלאָגן —
דער טאַטע, דער דעמב, איז געפאַלן; ער האָט שוין דעם ברוינעם
טייוולאָנישן, בלוטיקן שטורעם, נישט איבערגעטראָגן.

איך בין ביי זיין טויט נישט געווען, נאָר כ׳שטעל זיך אים פאָר מיר
(איך ווייס, אַז ער איז נישט אין שטורעם דער איינציקער קרבן),
נאָר ס׳קאָן נישט קיין טרייסט זיין, די צאָל פונעם זעלביקן גורל
(דער טאַטע איז זיכער אין אייגענעם בעט נישט געשטאָרבן),

נאָר פשוט געפאַלן, געפאַלן פון קעלט און פון הונגער
ביי זיך אינדערהיים, און ס׳קען זיין, אַז אין גאַס אינעם מיטן
פון יידישן געטאָ אין וואַרשע, ווו ס׳האָבן די דייטשן
דאָס יידישע לעבן, אַזוי ווי מיט קאָסעס געשניטן,

און זענען אַריין, ווי מיט העק, אינעם היימישן וועלדל
צו מ י י נ ע, וואָס זענען געוואַקסן, ווי ווערבעס געקרענקטע,
אַריין און — דעם איינציקן דעמב אינעם וועלדל: דעם טאַטן —
פאַרשניטן די יאָרן, וואָס זענען געווען שוין „געשענקטע".

## ווי...

א

ווי קאָן אויף אַ רגע אַרויס פון זכרון —
אַז מ'איז נאָך מיליאָנען אַן אָבל געוואָרן,
אַן אָבל נאָך שוועסטער און ברידער, וואָס האָבן
מיט אייגענע הענט זיך די קברים געגראָבן,
און איינער דעם צווייטן געמוזט אויך פאַרשיטן —
נאָך דעם, ווי מען האָט זיי ווי זאַנגען פאַרשניטן.

ווי קאָן אויף אַ רגע אַרויס פון זכרון —
אַז מ'איז נאָך מיליאָנען אַן אָבל געוואָרן,
אַן אָבל, וואָס טרייסט זיך מיט דעם, אַז: נישט איינער
האָט ס'לעבן פאַרטיידיקט מיט נעגל און ציינער,
באַשיצט עס, געהאַלטן עס פעסט ווי מיט צוואַנגען,
און נישט ווי די שאָף צו דער שחיטה, געגאַנגען.

ב.

ווי גייט מען אַריבער, ווי קאָן מען אַריבער
פון נאַכט, פון קאָשמאַר־נאַכט — צו טאָג, צו אַ העלן —
אַז, ס'ברענען נאָך יידישע חרובע שטיבן,
אַז, ס'ווערן געיאָגט נאָך פון טירן און שוועלן —
די יידן די לעצטע, וואָס זענען געבליבן,
(אַז, אָך, און אַז וויי, צו אַ בלייבן נאָך לעבן!) —
אַז ס'האַלט איבער זיי נאָך דער טויט אין איין שוועבן.

ווי גייט מען אַריבער, ווי קאָן מען אַריבער
די יידישע טייכן פון בלוט, און די גריבער
די טיפע און לאַנגע, די קברים ווו ס'ליגן
מיליאָנען פון וועלכע געפלעגט האָט זיך וויגן
די ערד — ווייל די רוצחים פון מערדער־רייך, האָבן
נישט איינעם, אויך לעבעדיק, האַלב־טויט באַגראָבן.

ווי גייט מען אַריבער, ווי קאָן מען אַריבער
ווי הייבט מען אויפסניי אָן דאָס לעבן פון פרידן,
אויפסניי אָן מיט פרידלעך אידילישע לידער —
אַז ס'בלוט פון מיליאָנען געשאָכטענע יידן,
אַז ס'בלוט פון געשאָכטענע שוועסטער און ברידער
איז פריש נאָך, אַז ס'וועקט פונעם שלאָף, ווי ס'וואָלט שרייען:
— וואָס שלאָפט איר?! איז טאַקע לית־דין ולית־דיין?!

## צו די אומגעקומענע פּאָעטן

ברידער מיינע, אומגעקומענע פּאָעטן,
געפאַלענע צוזאַמען מיט דיביימער,
וואָס דער הוראַגאַן דער ברוינער
האָט מיליאָנען מיטן שורש אויסגעפּליקט
און אויסגעריסן פונעם יידן־וואַלד.

פון וואָס וואָלט איר געזונגען, ברידער מיינע —
ווען געלעבט וואָלט איר נאָך איצטער,
און געקענט נאָך איצטער זינגען —
ווען איר זעט דעם טיפן שניט אין שטאַם,
וואָס שטייט איצט ביזן האַלדז אין אייגן בלוט...

פון וואָס וואָלט איר געזונגען, ברידער מיינע —
ווען איר זעט, ווי איך, דעם ברוך און בראָך,
די וויסטקייט פון די היימען אונדזערע —
ווו חורבות ליגן איצט, ווי שוואַרצע וואָלקנס,
וואָלקנס טרערן — צוגעפאַלן צו דער ערד.

פון וואָס וואָלט איר געזונגען, ברידער —
ווען געווען וואָלט איר אבלים נאָך מיליאָנען,
און געדאַרפט זיך נאָך מיליאָנען קריעה־רייסן,
און ווי איך — צום ווערן איינגעבראָכן —
טראָגן אויפן האַרץ אַ באַרג מיט טרויער.

ווען וואָס וואָלט איר געזונגען —
ווען געלעבט וואָלט איר נאָך איצטער —
ברידער מיינע, אומגעקומענע פּאָעטן.

## צו גאָט אין הימל

ווען כ׳וואָלט געווען געגלויבט אין גאָט אין הימל —
וואָלט איך היינט פון אים זיך אָפּגעקערט:
— גענוג דיר שוין געדינט
מיט תפילות, דאַנק און לויב!
— גענוג מיטן אל רחום ואל חנון,
וואָס געווען איז בלינד און טויב,
און נישט געזען, און נישט געהערט,
ווי ס׳האָבן צו די שערי־רחמים
זיך געריסן פון גיהנומדיקער ערד —
אַ ים מיט הענט, מיט בעטנדיקע הענט,
אַ ים פון אויגן מיט תחנונים און יללות —
פונעם יידן־וואַלד, וואָס האָט געברענט (און ברענט) —
אויף ברענענדיקער, פרעמדער ערד אין גלות. —

איז נישטאָ, נישטאָ קיין גאָט אין הימל,
וואָס פאַרנעמען זאָל געבעט און טרערן,
וואָס זאָל קאָנען אָפּרופן דעם גזר,
און זאָל אַליין פון גרויל און צער
פאַרציטערט ווערן,
און אַראָפּלאָזן זיין שטראָפנדיקע האַנט, אויף די,
וואָס האָבן ס׳מענטשלעכע — אין חיהשקייט פאַרלוירן,
און מיליאָנען פון זיין פאָלק, זיין אומבאַשיצט —
געפירט צום טויט, דורך זיבעציק גיהנום־טוירן;
זיי געפירט ביים ליכט פון טאָג,
און פאַר די פרעכע אויגן פון אַ וועלט,
וואָס האָט ווי גאָט — פאַרברעכעריש געשוויגן,
זיך געמאַכט נישט זען און נישט געמאַכט זיך הערן —
ווען פון טויט־פאַבריקן, האָבן קוימענס
וואָלקנס יידן־אַש, ווי קלעק געשפּיגן
אויף די הימלען, אויף דער זון, און אויף די שטערן.

# די אַריער־האַנט

די אַריער־האַנט וואָס האָט מיליאָנענווייז
געקוילעט מיינע ברידער
און, געוואָלט מיט בלוט פון זיי אַראָפּווישן
דעם נאָמען י י ד, —
די אַריער־האַנט — געלאָזט האָט ס׳מעסער
שטעקן אין מיין האַרץ,
און אין מיין יעדן איצט־געזונגען ליד...

ווער ווייסט, ווער ווייסט
צי כ׳וועל נאָך זינגען ווען, געזונט ! —
אַז כ׳בין אַ נישט־דערקוילעטער,
אַן על־פּי־נס־געבליבענער,
וואָס גייט אַרום איצט מיט זיין טיפסטער וווּנד
און מיטן גרעסטן צער און צאָרן
קעגן פאָלק פון בעטהאָווען און געטען,
ס׳פאָלק וואָס האָט מיט „גאָט מיט אונדז״ —
אויף גאָט און מענטש געטרעטן
און, געלאָזט אויף דורות לאַנג,
דעם סמאַל פון אַש פון מענטשן,
און אַזעלכע גרויל און פּחד־נעמען
ווי : מאַידאַנעק, ווי : טרעבלינקע און אָשוויענטשים.

## צומאָרגנס, נאָכן קריג

מיר וועלן ערשט דערזען די בראָך פון קריג —
ווען ס׳וועלן זיך מיליאָנען היים־פּאַרטריבענע
צוזאַמען מיט די קריגס־זעלנער, צוריק
זיך אומקערן אַהיים,
און נישט געפינען נאָכן ברוינעם שטורעם,
נישט געפינען נאָך דער ברוינער פּעסט —
קיין גאַנצן בוים,
קיין גאַנצע נעסט,
קיין הויז קיין גאַנץ אין איבערקער,
און אויך קיין איינציק הויז־געזינד
אין וועלכן ס׳זאָל נישט פעלן ווער —
אַן אייגענער, אַ נאָענטער.

מיר וועלן ערשט צומאָרגנס נאָכן זיג —
דערזען, ווי גרויס עס איז די בראָך פון קריג.

## איך בין „דאָרטן" נישט געווען

ווי מיין גרויסער ברודער לייוויק —
„בין איך אין טרעבלינקע נישט געווען".
כ'בין אויך נישט געווען אין מאַידאַנעק, אָשוויענטשים
און אין נאָך אַזעלכע טויט־פאַבריקן
פון דער דייטשישער אינדוסטריע,
וואָס האָט אויסגעאַרבעט „יידן־זייף" פון יידן־פעטס,
פון פרויען־האָר — מאַטראַצן,
און פון פרויען־הויט — מתנות — אַבאַזשורן.

כ'האָב נישט געזען זיי — די דייטשישע טויט־קאָמבינאַטן:
די קאַלכאויוונס און גאַזאויוונס,
די קרעמאַטאָריעס מיט די קוימענס,
וועלכע האָבן אָן אַן איבעררייס
אַדורכגעלאָזט דעם שטיקנדיקן רויך
פון מיינע זעקס מיליאָן פאַרברענטע ברידער.

איך בין „דאָרטן" נישט געווען.
נאָר יאָרן שוין ווי כ'זע עס אַלץ,
ווי איינער פון די נישט־דערברענטע,
פון די על־פי־נס־געבליבענע,
אַזאַ וואָס איז אַרויס פון אַלע טויר'ן פון גיהנום —
ווי צו קאָנען פאַר דער וועלט דערציילן
וואָס די וועלט די קריסטלעך־ליבנדיקע האָט געוווּסט
און נישט געמאַכט זיך וויסן...

איך בין „דאָרטן״ נישט געווען.
נאָר יאָרן שוין ווי כ׳זע אין שלאָף
דאָס „דריטע רייך״ פון טויט־לאַגערס,
וואָס זענען שוואַרץ־ברוקירט מיט אַש פון מענטשן,
און אויף וויאָרסטן ווייט —
פאַרצויגענע מיט שטעכל־דראָט,
ווי מיט אַ קנויליקער געדיכטער נעץ
פאַרוואָרפן איבער זיי.

און יאָרן שוין ווי איך קום־אויף פון שלאָף —
ווי מיט אַ נישט־דערקוילעטן געשריי,
און מיט אַ האַרץ וואָס האָט זיך אָפּגעריסן —
פונעם לויפן און אַנטלויפן פאַרן טויט,
וואָס יאָגט זיך אין די נעכט נאָך מיר —
מיט הענט מיט האַקנקרעציקע,
און מיט אַ קאָפּ — אַ טויטן־קאָפּ
פון אונטער אַ דייטשישן העלם...

און כאָטש כ׳בין „דאָרטן״ נאָר געווען בדמיון —
איז גענוג פאַר מיר:
דער נאָמען ד י י ט ש
זאָל אויף די פליגל פונעם טויט —
אַריבערטראָגן מיך אין לאַנד פון אומקום...

# אין טאָג פון טרויער

פרידאַ שרירא־ניימאַן פון יאָהאַנעסבורג

אין טאָג פון טרויער נאָך די זעקס מיליאָן,
ווען ס׳פאָלק דעקט אָפּ די נישט־פאַרהיילטע ווונדן:
האָט פרידעלע (ווי ס׳וואָלט אַ גרויסע דאָס געטאָן) —
גענומען און, אַליין זעקס ליכטלעך אָנגעצונדן.

אָנגעצונדן, און אַוועקגעשטעלט זיך קוקן
ווי זיי ברענען, ווי זיי פלעמלען, ווי זיי צוקן,
ווי זיי ציטערן און צאַפּלען, ווי פון פחד.
פרידעלע איז מיטן טרויער זיך מתיחד.

שטייט זי שטום אַזוי אינערגעץ־ווו פאַרטראָגן,
זי וואָלט וועלן עפּעס פרעגן, עפּעס זאָגן,
נאָר, ווי מיט אַ הייטעלע אַ פּייכטס פאַרצויגן —
רעדן שוין פאַר איר די גרויסע, קלוגע אויגן.

קוקט זי, קוקט ווי אירע ליכטעלעך, זיי ווערן
וואָס אַמאָל אַלץ קלענער, גייען אויס אין טרערן,
ווי זיי וואָלטן אויכעט זייער גורל טיילן
מיט די זעקס מיליאָן, און — פרידעלע נעמט ציילן:

איין מיליאָן... אַ צווייטער... ס׳גייט שוין אויס דער דריטער...
פיר... שוין פינף... און — פרידעלע, זי טוט אַ ציטער,
ס׳האָט אַ וואָלקנדל פאַרצויגן איר געזיכטל:
ס׳איז איר אויסגעגאַנגען שוין דאָס זעקסטע ליכטל...

אין טאָג פון טרויער נאָך די זעקס מיליאָן,
אין טאָג, אין אייביקן, פון צער און צאָרן, —
זאָל יעדעס קינד — ווי ס׳האָט עס פרידעלע געטאָן:
זעקס ליכטלעך אָנצינדן — די קדושים לזכרון.

# דיין אויפגיין

אברהם סוצקעווער

איבער זיילן רויך פון שריפות,
איבער וואָלקנס בלוט און טרערן,
איבער געטאָ־חורבות, ביסטו
אויפגעגאַנגען ווי אַ שטערן.

אויפגעגאַנגען גרויס און גליאיק,
אַ געלייטערטער אין פייער,
וואָס פאַרברענט האָט, און פאַרלענדט האָט
אַלץ, וואָס איז געווען אונדז טייער.

אונדז, די ברידער פון מיליאָנען
אויסגעקוילעטע, פאַרגאַזטע,
וואָס זיי האָבן שוין אויף אייביק
אונדז געלאָזט נאָך זיך פאַרהאַסטע

צום לאית־דין און צום לאית־דיין
פון אַ וועלט אַן אומגערעכטער,
פון אַ וועלט, וואָס האָט געשוויגן —
ווען געשאָכטן האָבן שעכטער,

און דער וואַלד — דיך אויסבאַהאַלטן —
קעגן אומגעקומען ווערן,
און געהאָלפן דיר פון זיינע
אָרעמס אויפגיין, ווי אַ שטערן;

ווי אַ שטערן, וואָס האָט קוים זיך
דורכן חשכות דורכגעשלאָגן,
און אַ ווּנדער־ליכט צום טרייסט אונדז —
ווי אויף פליגל צוגעטראָגן.

# אַ מצבה אין באַבי־יאַר

יעווגעני יעווטושענקאָ'ן

באַבי־יאַר, דער יידן־ברידער־קבר,
באַבי־יאַר, דער באַרג מיט יידן־ביינער
איבער וועלכע ס'פלאַטערן נאָר קראָען
און עס וויינט און קלאָגט דער ווינט אַליין נאָר —
האָט שוין אַ מצבה:

ס'איז אַ ליד פון אַ פּאָעט אַ רוס,
אין לאַנד פון די סאָוויעטן;
אַ פּאָעט אַ יוצא דופן
פון אַ סך סאָוויעטישע פּאָעטן, —
האָט דאָס ליד זיינס בלוטיק אויפגעריסן,
ווי אַ טיפע וווּנד אויפן געוויסן.

באַבי־יאַר
און — וויפל יידן־צער!
און וויפל ווי און צאָרן
קעגן די, וואָס שטעקן נאָך ביי זיך אין לאַנד,
אין זומפּ פון יידן־האַס, —
ווי מייז אין ווייץ און קאָרן,
און ווי שדים, וואָס מען האָט זיי נאָך ביז איצטער,
מיט דער פינצטערניש צוזאַמען — נישט פאַרטריבן...

זאָל אַ טרייסט־זיין, אַ פּאָעט אַ רוס,
וואָס האָט אַ ליד אַזאַ ווי „באַבי־יאַר" געשריבן.

## פאַרשפּילט

עס וואַרפט זיך נאָך, נאָר ס'גוססט שוין די ברוינע שלאַנג,
און לענדער גרייטן שוין די טויערן פון זיג;
נאָר ווי אַזוי דאָס, וועלן פון די פראָנטן
צ'ריקגיין מיט געזאַנג
און מיט מוזיק —
מיר, יידן, וואָס פאַרשפּילט האָבן דעם קריג?!

פאַרשפּילט, פאַרשפּילט — צו אונדזער טיפסטן וויי!
נאָר, וואָס'ער חידוש, אַז מיר האָבן אים פאַרשפּילט, —
אַז ס'האָט דער פיינט אויף קיינעם ווי אויף אונדז
געלויערט און געצילט,
געטראָפן טיף אין האַרץ פון אונדזער שטאָם:
דאָס צילבערט פאַר אַ יעדע פייל און קויל —
ביי די, וואָס טראָגן יידן־האַס און סם
צום אויסברעכן מיט ווילדקייט ביז צו גרויל.

און יידן־פיינט פאַראַן איז אומעטום,
עס פעלט נישט, ווער דערלאַנגען זאָל אונדז קלעפּ;
די ברוינע הידרע נעמט אַ וועלט אַרום,
אין אַלע לענדער שטעקן אירע קעפּ,
וואָס טראָגן אויך צילינדער־היט
און ווייסע הענטשקעס אויף די אַדל־הענט,
וואָס טונקען זיך נישט איין אין בלוט פון ייד —

ווייל ס׳איז שוין דאָ ווער ס׳שעכט פאַר זיי און שענדט —
ווייל הפקר, הפקר איז אין שדים־טאַנץ
דאָס בלוט דאָס יידישע וואָס שיכור מאַכט, ווי וויין ;
און הפקר — פאַר דער וועלט — אַ יידיש פאָלק אַ גאַנץ,
אַ פאָלק וואָס וואָלט געדאַרפט נקמה־נעמער זיין.

יאָ, ס׳גוססט שוין די ברוינע שלאַנג,
און לענדער גרייטן שוין די טויערן פון זיג ;
נאָר ווי אַזוי דאָס, וועלן פון די פראָנטן
צ׳ריקגיין מיט געזאַנג
און מיט מוזיק —
מיר, יידן, וואָס פאַרשפּילט האָבן דעם קריג.

## צו אַלע נישט־יידן

ס׳איז שיין אין אייערע לענדער, שיין און גוט,
און העפלעך זענט איר, העפלעך אויך צו מיר, דעם ייד ;
פאַרוואָס־זשע פעלט מיר אויס ביי אייך קוראַזש און מוט,
צו שטעלן דרייסט און זיכער מיינע טריט ?

כ׳האָב גוטס און נאָבלס וועגן אייך געהערט —
(ווען ס׳האָט געהאַלטן אייך ביים האַלדז, די היטלער־האַנט),
און איך — איך פיל ביי אייך נישט אונטער זיך די ערד,
ווי כ׳פיל זי אין מיין אייגן אָרעם לאַנד.

זייט מוחל מיר מיין אומצוטרוי צו אייך,
(ווי צו דער קריסטלעך־ליבנדיקער וועלט בכלל) :
די „יידן־ליבע״ שעפּט איר אַלע, אַלע גלייך,
פון טיפן מיטלאַלטערלעכן קוואַל...

זייט נאָכאַמאָל מיר מוחל, מיר, דעם גאַסט
דעם פילבאַרן פאַר יעדן דינסטן יידן־שטאָך,
וואָס קומט (נישט אַנדערש) ווי פון זיין צו אונדז פאַרהאַסט
און — מיטשולדיק אין אונדזער גרויסן בראָך.

יאָ, יעדעס פאָלק האָט זיינע ל״ו, —
נישט איינער האָט פון אייך געראַטעוועט אַ ייד ;
פאַרוואָס־זשע קוקט איר עס אויף אונדז נאָך, ווי אויף שאָף
אויף נישט־דערקוילעטע אין היטלערס שניט ?..

פאַרוואָס־זשע וווּנדערט איר זיך, הלמאי
מען זעט אונדז נאָך אַ סך און, אויך אין לאַנד ביי אייך —
מיט אונדזער „חוצפּה״ : אָנצוהייבן פונדאָסניי
צו זיין מיט מענטשן און מיט פעלקער גלייך.

ס'איז שיין אין אייערע לענדער, שיין און גוט,
נאָר ס'איז נישט ניחא מיר צו עסן אייער ברויט.
די יידן־שנאה ליגט שוין אייך אין אייער בלוט —
באַהאַלטן, ווי אַ מעסער אין דער שייד.

## נישט לייכט...

נישט לייכט איז צו זיין אי אַ מענטש, אי אַ ייד,
אי אַ יידישער דיכטער פון חורבן און בראָד,
וואָס רייסט זיך אַריין אין מיין יעטוועדן ליד,
וואָס איך גיי ווי אַ קינד מיינס אַ ציטעריקס, נאָך.

ווי איך, נאָך מיין ליד — גייט אַ פּאַסטעך אין פעלד,
נאָך דער שאָף, וואָס ער לאָזט זיי פון אויג נישט פאַרגיין.
אַפילו אַ ליד אין אַ וועלפישער וועלט —
קאָן אַריינפאַלן ערגעץ, אין וועלפישע ציין...

## יידיש

יידיש איז דאָס ליים, דאָס רויע ליים
פון וואָס די אָרעמקייט קנעט אויס
די ציגל צו אַ הויז,
די ציגל צו אַ היים.

פון ליים געקנאָטן ווערט דאָס יידיש וואָרט,
וואָס איז מיט גורלדיקס געפּאָרט —
צייט וואָרט איז וואָרט.

און ווי דער טעפּער קנעט פון ליים,
קנעט אויס פון רוי־ערד
טעפּ און קריגעלעך,
און פילט זיי אָן מיט טרויער —
קנעט און פורעמט פונעם ליים,
אַ יידישער פּאָעט —
זיין ליד, זיין יידיש,
וואָס איז אָרעם, נאַקעט,
אָבער — שטראַליק, מלכות׳דיק — אויף חידוש.

*

ברידער מיינע, אין דער היים דער נייער.
וויפל צער און ווייטיק כ׳טראָג פאַרפרעסט
צווישן אייך אַרום, אין אונדזער נעסט —
אַז איך, דער זינגער און באַזינגער אייער,
ווענענס ליד עס האָט צעטראָגן פאַר דער וועלט,
דעם דורשט פון וויסטער ערד,
די זאָרג פון סטעפּיש פעלד,
די פרייד פון ערשטן שניט
אַרום אַ ווייס געצעלט ; —
אַז איך, דער זינגער און באַזינגער אייערער
זאָל צווישן אייך „העברעער״ — פרעמד
אַרומגיין מיט מיין וואַרעם יידיש ליד,
וואָס איז מיר נאָענט, ווי צום לייב דאָס העמד.

*

ווי ס'איז אַ נס דאָס שלאָגן ברויט פון שטיין און זאַמד —
איז אויך אַ נס געוואָרן שוין מיין יידיש ליד,
וואָס האָט אַמאָל מיט אַלץ דאָ, אויפגעפלאַמט,
ווי רויטער צוויט,
און האָט ווי אַלץ — געשמעקט מיט ערשטן בלי,
פון מדבר און פון סטעפּ,
און האָט ווי אַלץ — דערציילט פון קראַפט פון הענט
און אַקסלען, וועלכע האָבן טרעפּ
געטראָגן צו די וואַקסנדיקע ווענט.

נאָר, אַז אַ ליד ווערט איינזאַם, נישט דערהערט —
פאַרלירט דער זינגער אונטער זיך די ערד,
און — ס'איז מיין יידיש ליד, אַ נס ביי מיר אַליין,
אַ נס, ווי: שלאָגן ברויט פון זאַמד און שטיין.

*

איך ווינטש נישט קיין יידישן דיכטער צו זינגען פאַר יידן,
וואָס האָבן דאָס אייגענע לשון, דער מאַמעס, נישט גערן,
און ווילן אַפילו קיין ליבע־דערקלערונג נישט הערן —
אויף יידיש.

און כ׳ווינטש נישט קיין יידישן דיכטער, אַזוי זיך צו פילן,
ווי איך, אין אַ היים, ווו איך דריי זיך אַרום ווי געפאַנגען —
צו ווערן דערשטיקט מיט די האַרציקסטע, שענסטע געזאַנגען
אין יידיש.

*

דאָס יידישע ליד אין העברעאישן לאַנד —
איז אַ פויגל, אַ זינגפויגל,
וואָס איז געטראָפן־געוואָרן
ביי זיך אין דער נעסט — פון אַ שטיין,
וואָס אַ רויע גראָב־הויטיקע האַנט
האָט אַ שליידער־געטאָן
און — פאַרווּנדעט.

דאָס יידישע ליד אין העברעאישן לאַנד —
איז דער פויגל, דער זינגפויגל
מיט די צעבראָכענע פליגל,
וואָס הייבן זיך הויך שוין נישט אויף,
נאָר פלאַטערן, פלאַטערן נידעריק,
צאַפּלען און — פאַלן צוריק.

*

ווייל ס'האָט מיין נייע היים נישט אויפגענומען מיך
צוזאַמען מיט מיין קינד : דאָס ליד דאָס יידישע,
און מיך געלאָזט דערמיט אינדרויסן,
ווי אַ יורד אויף אַ שמחה אַ נגידישער —
בין איך אין אייגן לאַנד אין מיין,
ווו כ'לעב שוין יאָרן צענדליקער —
אין לעבן נישט אַריין,
געבליבן, ווי אַ זייטיקער אין אים —
מיט מיין פאַרשעמט געזאַנג :
מיין יידיש ליד פון ליבע, לויב און דאַנק.

*

ווער ס׳מיינט נישט דאָס ליד מײנס, מיינט אויכעט נישט מיך,
ווייל איך — בין מיין ליד, און דאָס ליד מיינס — בין איך:

איך זאָג עס אַנטקעגן מיין היים פון תנ״ך,
מיין היים, וואָס פאַרטראָגט נישט די יידישע שפּראַך,
אויף וועלכער איך זינג מיינע לידער פון לויב
און ליבע צום לאַנד, וואָס איז טויב פאַר זיי, טויב.

ווער ס׳מיינט נישט דאָס ליד מיינס, מיינט אויכעט נישט מיך,
און איך — בין ביי מיר אינדערהיים — נישט ביי זיך.

✶

די היים פונעם דיכטער איז דאָרט ווו מען הערט אים,
און נישט — ווו ס'איז אָפּריכטן גלות, באַשערט אים —
ווי מיר איז באַשערט, צווישן אייגענע ברידער
אַרומגיין און פילן זיך פרעמד און דערווידער —
פּאַר זינגען אויף יידיש (וואָס גרילצט זיי אין אויער) —
מיין היימליד פון ליבע, פון פרייד אָדער טרויער.

*

איך באַזינג זי, מיין היים, נאָר עס הערט מיך — די פרעמד,
(כ'בין דער פרעמד מער באַקאַנט ווי אין אייגענעם לאַנד)
ס'האָט די פרעמד נאָך דאָס ליד מיינס אַזוי נישט פאַרשעמט,
ווי עס טוט עס מיין היים, ווו איך זינג צו דער וואַנט... —
ווייל מען האָט דאָ דאָס יידישע לשון מיינס, פיינט,
ווי איך וואָלט צווישן גויים אַרומגיין — אַ ייד,
און — געזוכט ביי זיי לייטזעליקייט און, אַ פריינט,
און געזוכט אין מיין היימלאַנד, אַ היים פאַר מיין ליד.

## ביי זיך אינדערפרעמד

„יעדע היים, יעדעס לאַנד האָט איר זינגער,
וואָס זינגט פון איר טרויער און פרייד",
האָב איך אויכעט געבענקט נאָך אַ היימלאַנד
און נאָך היימישן ריח פון ברויט;

האָב איך אויכעט געוואָלט קאָנען זינגען
נישט נאָר לידער „אויף קיינעמס באַראָט",
נאָר געזאַנגען פון היימישער פראַצע
פאַרן ווילזיין פון דאָרף און פון שטאָט;

האָב איך אויכעט געוואָלט, אַז דאָס ליד מיינס
זאָל אַ קלונג־טאָן מיט האַמער און סערפּ,
און מיט ברכה פון ערד, וואָס דער פויער
פירט אין פירלעד, אין זעק און אין קערב;

האָב איך אויכעט געוואָלט און — דערוואַרט זיך,
אַז די ברידער פון אייגענעם לאַנד,
זאָלן הייבן פאַר שירה אויף יידיש —
קעגן מיר אַ גראָב־יונגישע האַנט,

און באַוואַרפן דאָס ליד מיינס מיט שטיינער,
וואָס זענען געפאַלן אויף מיר
און געטראָפן דער מאַמען (כ'האָב יידיש
מיט דער מילך שוין געזויגן פון איר).

בין איך דרייפאַך ביז ווייטיק פאַרוווּנדעט,
בין איך דרייפאַך געקרענקט און פאַרשעמט:
פאַרן יידישן ליד, פאַר דער מאַמען,
און פאַר מיר דאָ — ביי זיך אינדערפרעמד...

## מיין יידיש ליד

עס וויינט אין מיר מיין יידיש ליד,
ווי ס'וויינט אַן עלנט, אַ פאַריתומט קינד:
— געהאַט אַ היים, אַ טאַטן מיט אַ מאַמען,
שוועסטער, ברידער און — געבליבן אויפן ווינט.

זיי זענען אַלע שוין נישטאָ, די יעניקע,
וואָס האָבן מיך געצערטלט און געוואַרעמט,
אָפּגעהיטן מיך, און איצט? — מיין גאָט! —
דערבאַרעמט זיך אויף מיר, דערבאַרעמט!

עפנט אויף אַ טיר און לאָזט אַריין מיך!
כ'האָב אַ סך, אַ סך נאָך צו דערציילן;
כ'האָב אַ סך, אַ סך נאָך צו פאַרטרויען,
און אַזוי פיל וווּנדן צו פאַרהיילן!...

לאָזט מיך, זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן,
פאַר אַ נאָענט, פאַר אַן אָפן אויער,
וואָס קאָן אויפנעמען אַחוץ דעם פרייד־געשאַל —
דעם שטום־געוואָרענעם פון טרויער...

כ'וויל נישט אויסגיין צווישן אייגענע —
אַ פרעמדער מיט מיין מאַמעס שפּראַך —
אין לאַנד פון צווייטן בראשית, ווו די ברידער
רעדן מיטן לשון פון תנ"ך.

דאָס לאַנד, וואָס איך געגעבן האָב צו שטייער
מיינע בעסטע, שענסטע צענדליק יאָר
מיט שירה און תשבחות — פאַרן שכר
פון אַ פאַרלאַטעט העמד, און שיך אַ פּאָר;

פאַר נאַקעטע, פיר אָפּגעשיילטע ווענטלעך,
פאַר אַ נאַקעט טישל, און אַ נאַקעט בעט,
ווי נאַקעט ס'איז דער עלנט, וועלכער ווינט מיט מיר —
ישראל'ס יידישער פּאָעט.

## לאָזט מיך ענדיקן...

לאָזט מיך, לאָזט מיך ענדיקן דאָס ליד,
וואָס אָנגעהויבן האָט די מאַמע ביי מיין וויגעלע,
און האַלבע נאַכט, צעבראָכן, שוואַך און מיד —
געוויגט, פאַרוויגט מיך מיט אַ „גאָלדן ציגעלע",
מיט „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" און מיט נאָך און נאָך
אַ סך אַזעלכע שיינע, גוטע זאַכן,
וואָס דער טאַטע וועט מיר ברענגען, —
אויב איך וועל די אייגעלעך פאַרמאַכן:
האָט די מאַמע מיר געזונגען און געוואַרט,
געוואַרט, איך זאָל אַנטשלאָפן ווערן,
און אַליין אַ שלעפעריקע —
זינגענדיק באַוואַשן זיך מיט טרערן.

לאָזט מיך, לאָזט מיך ענדיקן מיין ליד
מיט וואָס כ'האָב אָנגעהויבן זיך צו ווייזן,
מיט נישט זיכערע, מיט ערשטע טריט
נאָך „דאָרטן" צווישן „עמד, שער און אייזן";
ס'ליד פון אויפקום און פון אומקום,
ס'ליד וואָס מיינע ברידער האָבן
אויך אין געטאָ עס געזונגען, און אין קאַמף —
נישט לאָזנדיק זיך לעבעדיק באַגראָבן.

לאָזט מיך ענדיקן אויף מאַמע־לשון, יידיש —
דאָס געקוילעטע געזאַנג פון י ע נ ע ט ע ג,
ווען אַ געפאַנגענער ביים טויט האָט אויפגעשריבן:
„זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

## מיין שפּראַך

מיין שפּראַך בלייבט די שפּראַך פון מיין מאַמען,
און כ׳דאַרף פאַר מיין ליבע צו איר, — נישט פון קיינעם
קיין התר;
איך אָטעם מיט יידיש, אַזוי ווי מיט לופט, ווען אַפילו
זי שמעקט מיט געפאַלענע, האַרבסטיק־צעשאָטענע בלעטער...

איך קאָן נישט דאָס לשון מיינס טוישן
אַזוי ווי אַ העמד — ס׳ליגט אין בלוט מיר, אין בלוט און
אין טרערן;
איך זינג און וועל זינגען אויף יידיש — ווי לאַנג איך וועל
וויסן,
אַז ס׳איז נאָך פאַראַן־ווו אַזאַ, וואָס וויל יידיש מיך הערן.

## אויפֿן ווינט

אַז אָך און אַז וויי צו אַ דיכטער,
וואָס הערט נישט די שפּראַך פֿון זיין ליד —
אינעם מויל פֿון אַ קינד ;
אַ דיכטער אַזאַ, איז אַ זינגער אויף ווינט,
אויפֿן ווינט, וועלכער קלאָגט,
און פֿאַרטראָגט,
און צעשיט
אין געווירבל פֿון בליעכץ און בלעטער מיט שטויב —
אויך די קלאַנגען פֿון לידער
פֿאַר וועלכע מ'איז טויב...

## ווי להכעיס

מיין היים איז אָרעם,
אָבער בלאָזן, בלאָזט זי זיך נגידיש,
און קאַפּריזנע, ווי אַ דאַמע פון סאַלאָן, —
פאַרטראָגט זי נישט ביי זיך די שפחה — יידיש,
וואָס געהערט נישט דאָ צום „גוטן טאָן",
און מ'איז דערפאַר, אַ יידישן פּאָעט
צו יום־טוב'דיקע טישן נישט מצרף,
נאָר אַמאָל, אַמאָל בלויז, פאַר רחמנות —
ווי אַ וויטן קרוב, אים מקרב...

כ'האָב פונדעסטוועגן זי ליב, מיין היים,
וואָס וועט פון מיר נישט האָבן שוין קיין נחת, —
כ'וועל זיך אייביק מיט איר קריגן
און באַזינגען זי
אויף מאַמע־לשון יידיש — ווי להכעיס.

## יידיש־קברנים

פאַראַנען אַזעלכע קברנים ווי — יידיש־קברנים,
וואָס זענען נאָר קובר דער אייגענער, אָרעמער מאַמען:
דאָס יידישע לשון, וואָס האָט זיך געהייליקט — אין דורכגיין
די שבעה מדורי גיהנום פון פייער און פלאַמען.

זיי האָבן זיך שטענדיק געשעמט מיט דער אייגענער מאַמען,
זי שטענדיק פאַרלייקנט; פאַרלייקנט אויף אַלע לשונות;
אַנטלאָפן פון איר, ווייל עס האָט זיי געצויגן (און ס'ציט זיי)
צו פרעמדס, וואָס פאַרשאַפט זיי, ווי אַלץ וואָס איז יידיש —
בזיונות...

און יידיש־קברנים פאַרבייטן אויף אַלע לשונות —
דאָס לשון דער מאַמעס, וואָס ציט נאָך פון אייגענע גרונטן,
וואָס אונטערגעגראָבן זיי — האָבן — די יידיש־קברנים.
נאָר ס'טרעפט, אַז אַ קראַנקער לעבט־איבער אַמאָל, אַ געזונטן...

## מיר, יידישע דיכטער

מיר, יידישע דיכטער — מיר זענען געגליכן אַצינד
צו ביימער מיט פרוכט — נישט געריסן פון הענט, נאָר פון ווינט
וואָס שליידערט און וואַרפט זיי מיט רוגזה, צו זייערע פיס,
און גראָבט זיי, פאַרגראָבט זיי אין שטויב — מיט די ווונדן פון ריס.

איז ווי צו דער פרוכט פונעם ווינט, און ס'איז טויזנט מאָל ווי
צום בוים, וועלכער קוקט מיט פאַרבראָכענעם צער איבער זיי —
די פירות, וואָס ליגן צעשאָטן אויף קיינעמס באַראָט
און וואַרטן אויף הענט — ווי פאַרזעען פון מענטש און פון גאָט.

*

עס שטאַרבט, גייט אויס, מיין מאַמע־לשון יידיש.
און ס'גייט־אויס מיט איר, די מאַמע פון מיין ליד,
וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן און געלעבט אויף חידוש,
ווי עס האָט אין פרעמד־לענדער געלעבט אַ ייד.

ווי זינגט מען עס צעקאָפּנס פון אַ גוסס,
וואָס איז נאָענט דיר — וואָס נענטער קאָן נישט זיין
און, איז די טיפע שקיעה פון אַ זון אַ גרויסע,
וועלכע טריפט דיר אין די אויגן בלוט אַריין...

## איינער פון נאָך...

כ׳בין איינער פונעם יידיש־וואַלד
ווו ס׳פעלן זעקס מיליאָן געזונטע ביימער,
וואָס דאָס „הערן־פאָלק״ פון געטע און פון בעטהאָווען —
האָט אויסגעהאַקט,
פאַרברענט אויף קויל און אַש —
צוזאַמען מיט די פייגל אין די נעסטן...

בין איך איינער פון די טרויער־זינגפייגל,
וואָס פליען פונעם פייער־מבול —
מיט פאַרשרפעט, אָפּגעזענקטע פליגל
און, מיט שקיעה־פלעמלעך אין די אויגן...

## פאַר וועמען ?..

פאַר וועמען זינגען מיר, פּאָעטן יידישע ? —
אַז יידיש האָט פאַרלוירן שוין די היים
ווו ס'האָבן אויך די פייגל דאָרט, די היימישע,
געזונגען יידיש פון אַ יעדן בוים.

דיביימער שטייען נאָך ; די פייגל זינגען נאָך,
נאָר יידיש — יידיש זינגט איצט נאָר דער ווינט
און — וועקט שוין נישט און שרעקט שוין נישט און, רייצט
נישט מער,
און לאָזט שוין רואיק שלאָפן, אויך די הינט...

## נישט געשטאָרבן...

נישט געשטאָרבן איז די מאַמע, מאַמע־לשון יידיש.
נישט געשטאָרבן.
דער מאַמען, מאַמע־לשון יידיש האָט מען אומגעברענגט
צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן,
וואָס האָבן אויף די ליפּן עס געטראָגן
ביזן לעצטן אָטעם־צי.

צו אונדזער גרויסער חרפּה,
און צו אונדזער גרויסן ווייטיק,
האָבן אינעם טויט פון יידיש
אויך אַ חלק, יענע יידן,
וועלכע האָבן ביז פאַרלייקענונג — געשעמט זיך
מיט דער גלות־מאַמע, מאַמע־לשון יידיש, —
ווי זיי שעמען זיך מיט אייגנס,
אויך ביי זיך שוין:
אינעם לאַנד פון די נביאים.

נישט געשטאָרבן איז די מאַמע, מאַמע־לשון יידיש.
יידיש האָט מען אומגעברענגט, דערהרגעט...

## אינהאַלט:

### אונטער שוואַרצע הימלען



### די היים פון מיין וויג

## מיין ברענענדיקער שטאַם

## צער פון יידיש